| № 1 | פערלאג: „קונסט און לעבען“ | № 1 |
|---|---|---|

Oscar Wilde

The Ballad of Reading Gaol

By C. 3. 3.

# א געזאנג

# פון תפיסה

פון ענגליש

פריי איבערזעצט

## ה. רויזענבלאט

  פרייז: 10 סענט  

2010

No. 1. פערלאג: „קונסט און לעבען“ No. 1.

Oscar Wilde

The Ballad of Reading Gaol

By C. 3. 3.

# א געזאנג

# פון תפיסה

פון ענגליש

פריי איבערזעצט

## ה. רויזענבלאט

  פרייז: 10 סענט  

# א געזאַנג פון תפיסה

---

## THE BALLAD OF READING GAOL

### I.

ער האָט ניט געטראָגען דאַן אויף זיך
דעם מאַנטעל שאַרלעך רויט,
ווען מיט אַ האַנד פון בלוט און וויין
ער האָט געבראַכט דעם טויד,
אויף איהר וואָס האָט איהם טריי געליעבט,
און זיך אָן איהם פערטרויט.

אין קערקער האָט ער אומגעשפּאַנט,
מיט לייכטע טריט און פריי;
אַ קויטיג מיצעל אויף דעם קאָפּ,
דער אַנצוג דונקעל גרוי;
און זשעדנע האָט זיין אויג געציעלט
צום ברעקעל הימעל - בלוי.

כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהן אַ'נ־אויג
אַזוי ערנסט אָנגעשטעלט
אויפ'ן ברעקעל בלוי וואָס געפאַנגענע
רופען אָן דאָס הימעל־צעלט,
דאָס קליינע ברעקעל בלוי וואָס איז
פאַר אונז די גאַנצע וועלט.

געווען 'ז ער מיין געדאַנק בייטאָג,
מיין טרוים ביינאַכט אין שלאָף,
„וואָס פאַר אַ זינד הייגנט אויף זיין האַרץ
און וואָס וועט זיין זיין שטראָף?“
ביז מיר האָט ווער געזאָגט בסוד:
„דער שטריק וועט זיין זיין סוף!“

„דער שטריק!“ אָ, גאָט, דער גאַלגען־שטריק,
דאָס שוידערהאַפטע בילד,
אַ שוואַרצע נאַכט, אַ שרעקליכע,
האָט אַלץ אַרומגעהילט;
און איך— דער צער, דער צער אַליין,
האָב מעהר קיין זאַך געפיהלט.

כ'האָב נור געפיהלט וואָס איהם פערפאָלגט
אַזוי די גאַנצע צייט,
וואַרום ער קוקט צום לעצטען טאָג
מיט אַזאַ מין זשעדניקייט;
ער האָט געטויד די זאַך ער ליעבט,
איצט וואַרט ער אויף דעם טויד.

*

דאָך יעד'רער טויד די זאַך ער ליעבט -
איהר אַלע שטומט און הערט!

ווער מיט אַ שלעכטען קוק און ווער
מיט שמייכלעריי פערצערט;
דער פייגלינג טהוט עס מיט אַ קוש,
דער בראַווער מיט אַ שווערד.

ווער ס'טויד איהר אין זיין יוגענד נאָך,
און ווער ווען ער ווערט אַלט;
ווער ס'דערשטיקט מיט הענד פון לוידענשאַפט
און ווער מיט הענד פון גאָלד:
דער בראַווסטער נוצט דאָס מעסער, ווען
דאָס מאַכט דעם מת גיך קאַלט;

ווער ס'באַרגט די ליעבע, און ווער עס קויפט
פאַר גאָלד און צאָהלט אין באַאַר;
ווער ס'טהוט די טהאַט מיט טרעהרען — און
ווער אָהן אַ זיפץ זאָגאַר —
יעדער טויד די זאַך 'ס ער ליעבט, און דאָך,
ניט יעדער שטאַרבט דערפאַר.

*

ער שטאַרבט ניט מיט אַ טויד פון שאַנד
דורך הענקער און געריכט,
אַ פעטלע אַרום זיין בלויען האַלז
און אַ טוך אויף זיין געזיכט,
ער פאַלט ניט דורך אַ שוואַרצען לאָך
און אַ פינסטערניש געדיכט.

ער זיצט ניט מיט קיין שטומער וואַך
וואָס היט איהם טאָג און נאַכט;
וואָס היט איהם ווען ער דיענט צו גאָט
צו ווען ער וויינט צו לאַכט;

וואָס היט, ער זעלבסט ניט רויבען זאָל
דאס רויב פון הענקער'ס מאכט.

ער וואכט ניט אויף פאַרטאָג צו זעהן
נאַכט־שאָטענס פול זיין צעל,
דעם גלח בלייך און שווידערנדיג,
דעם הענקער אויף דער שוועל,
דער ריכטער שוואַרץ געמאַנטעלט, מיט
אַ פנים וואַקסיג־געל,

ער וואכט ניט אויף אין טויטען אַנגסט )
צו זעהן ווי אין דער טיהר,
דער קערקער־דאָקטאָר שטעהט און היט
דיין יעדען מוסקעל ריהר,
מיט בליקען נאָך פיעל שווערער, ווי
די קייט וואָס הינטער דיר.

אויך קען ער ניט דעם פיעבער־דורשט,
דעם מדבר־דורשט, ווי דער
וואָס הערט בשעת דער הענקער קומט,
מיט טריט געדומפּפען שווער,
מיט „לעדער צונגען" בינדען איהם,
אום ער זאָל ניט דורשטען מעהר.

ער בויגט ניט אָן זיין קאָפּ כדי
צו הערען דעם אורטהייל,
(בשעת ביי איהם אין הארצען לעבט
קיין אנדער זאַך ווי גרויל,)
און קוקען ווי עס עפענט ברייט,
דער טויד זיין שוואַרצעס מויל.

ער קוקט ניט אויף דער בלויער לופט
דורך א גלאז־דאך דונקעל, קליין:
ער פרעפעלט ניט מיט ליפען בלייך
און א הארץ פון שווערען שטיין,
א תפלה, וועלכע קען קיין מאל
צום הימעל ניט דערגעהן...



## II.

זעקס וואכען האט ער אויסגעשפאנט,
מיט גרינגע טריט און פריי;
דאס ברודנע מיצעל אויף זיין קאפ,
דער אנצוג דונקעל גרוי,
דער זעלבער זשעדנער בליק, געריכט
צום פלעק פון הימעל־בלוי.

כ'האב קיינמאל ניט געזעהן אן אויג
אזוי ערנסט אנגעשטעלט
אויפ'ן ברעקעל בלוי וואס געפאנגענע
רופען אן דאס הימעל־צעלט,
דאס ברעקעל בלוי וואס רעכענט זיך
ביי אונז די גאנצע וועלט.

ער פלעגט ניט ברעכען זיינע הענד
ווי ס'טהוט עס דער וואס רופט
זיין האפענונג וואס ליגט געשמידט
אין יאוש־הייל און שלאפט:

ער האָט נור געקוקט אויף דער ליעבער זונן,
אונ געזופט די מאָרגען־לופט.

ער פלעגט ניט קלאָגען אויף זיין צער,
זיין ענדלאָז טיעפען פיין,
ער האָט נור געזופט די לופט, ווי דאָס
אַ באַלזאַם־טראַנק וואָלט זיין;
מיט אָפען מויל די זונן געזופט,
ווי דאָס געווען וואָלט וויין!

אונ איך אונ אַלע עלענדע,
פערשטויסענע פון גליק,
געקוקט האָבען אויף איהם אונ טריעב
געווען איז יעדענס בליק,
געקוקט אויף איהם, אויף וועמען ס'וואַרט
דער גאַלגען אונ דער שטריק.

אונ מאָדנע איז געווען צו זעהן
זיין גאַנג געשיקט אונ גיך,
אונ מאָדנע איז געווען זיין אויג,
אַזוי טיעף אונ פייערליך,
אונ ווילד ז'געווען דער קלער דאָס ער
האָט אַזאַ מין חוב אויף זיך.

*

שעהן איז דער דעמב אין גרינעם קלייד.
אין פריהלינג מילד אונ בלוי:
אַזוי איז מיאוס דער גאַלגען־בוים,
פערפלעקט... אונ בלאָטיג־גרוי;
ווי, יונג צו אַלט, דאָס בלאָט זיינס פאַלט
אָהן זונען־שיין אונ אָהן טוי.

דעם שטערען רוהם וואָלט יעדערען
דערגרייכען זיך געוועלט :
נאָר ווער וואָלט זיך דעם גאַלגען־סלופּ
אַלס לייטער אויסערוועהלט,
פון דאָרט צו טהון דעם לעצטען בליק
אויף דער שעהנער ווייסער וועלט ?

זיס איז דער טאַנץ נאָך פיעדעל, ווען
דאָס לעבען איז פול מיט חן ;
זיס איז דער טאַנץ נאָך פלייטען, ווען
די ליעבע איז הימעל־ריין ;
נאָר גאָר ניט זיס איז מיט קאַלטע פיס
אויף אַ שטריק אין לופט זיך דרעהען...

מיט שרעק און ן שטוינען האָבען מיר
געהיט זיינע לעצטע טעג,
זיך וואונדערנדיג צו ליעגט עס ניט
פאַר אונז דער זעלבער שטעג,
דען די זעעל' און זינד ווערט געבוירען בלינד
און די נאַכט האָט ניט איין וועג.

*

און ענדליך שפּאַנט ער שוין ניט מעהר
ארום אין קערקער'ס העלל',
און געוואוסט האָב איך דאָס ער איז שוין
אין שוואַרצען טוידטען־צעל,
און אַז קיינמאָל וועל איך שוין ניט זעהן
זיין פּנים פאַרמעטערגעל.

ווי צוויי פערשאָלט'נע שיפען אין
אַ בייזער שטורעם־נאַכט.

געטריבען פון דעם ווילדען ים
מיט מורא'דיגער מאכט,
אזוי האט אונז די שווארצע זינד
אהער צונויפגעבראכט.

דעם קערקער'ס מויער ארום אונז,
אונז האלט אין אנגסט פערשטיקט:
פערשטויסען האט אונז גאט, און פון
זיין אויג מיט שאנד פערשיקט
אהער, און איבער אונז די נעץ
פון שווארצער שטראף געשטריקט...



III.

אין שולדנער'ס הויף איז שטום די ערד,
דער הימעל פרעמד און ווייט,
דארט שפרייזט ער איצט ארום אליין
א וואך אויף יעדער זייט,
וואס היט, ער זאל חלילה נאך
ניט גוססע'ן פאר דער צייט...

וואס היט איהם צו ער וואכט ביי טאג
און אויב ער שלאפט ביינאכט,
וואס היט איהם ווען ער בעט צו גאט,
צו ער וויינט צו לאכט;
וואס היט, ער זעלבסט ניט רויבען זאל
דעם רויב פון גאלגען'ס מאכט.

שטרענג האָט דער ריכטער זיך געפֿיהרט
אין סדר טויטען־אַקט
דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט דעם טויד
אַלס וויסענשאַפֿטליך פֿאַקט.
דער פּריעסטער — אַז דער טויד איז בלויז
אושטערבליכקייט'ס אַנטראַקט...

און ער האָט זיך געדויכט זיין פֿייפֿ,
געטרונקען זיין גלאָז ביער,
און קאַלט געקוקט זיך אויף דער וואַך,
וואָס שטעהט און היט זיין טהיר;
האָט אָפּט בעמערקט „עס פֿרעהט מיך וואָס
דער הענקער וואַרט אויף מיר".

ווארום ער קוקט צום לעצטען טאָג
מיט אַזוי פֿיעל פֿרייד און ליכט —
דערגעהן דעם מיין דערפֿון איז ניט
געווען דעם וועכטער'ס פֿליכט:
דעם וועכטער'ס מויל דאַרף זיין אַ שלאָס,
אַ מאַסקע זיין געזיכט;

זאָנסט קען זיין הארץ נאָך ווערען וויך,
געריהרט, און מיט אַ טרעהר
דעם קרבן נעהמען טרייסטען נאָך...
און — גאָט! מיין גאָט! — ווי שווער
עס איז צו טרייסטען יענעם הארץ
וואָס קען ניט האָפֿען מעהר!

*

אין קערקער־הויף, אין שמוץ און שטויב
מאַרשירט דער שאַנד־פּאַראַד...

וואָס קימערט אונז? מיר זעען דאָך
דעם טייפעל'ס נאַכט־בריגאַד:
די קעפּ געגאָלט, די פּיס געשמידט —
אַ וואַהרער מאַסקאַראַד.

און צופּ מיט נעגעל בלוטענדיג
די פלאַקס־שטריק שטונדען לאַנג;
און קראַץ דעם פּאָל, און וואַש די טרעפּ,
און שייער יעדען שטאַנג;
און קיין זאַך הערסטו ניט, אַ חוץ
דעם טומפּען קעטען קלאַנג.

און נעה די זעק און קלאַפּ דעם שטיין,
און שלעפּ זיך אויף מאַרשרוט,
און קלאַפּ דאָס בלעך און טרייב די מיהל,
און זינג נאָך פּסאַלמס צו גאָט —
ווען גרויל פּויזט אום אין האַרצען און
דיין מויל איז פול מיט שפּאָט.

און געהענדיג אַ מאָל פאַרנאַכט,
פון אַרבייט מיעד און פויל;
און טראָגענדיג אין האַרץ ביי זיך
דעם אייביג שטומען גרויל;
האָב איך דערזעהן אַ פרישען גרוב,
אַ טיעפעם, שוואַרצעס מויל.

אַ הונגעריגעס בייזעס מויל,
אַ קבר קאַלט און לעהר;
„דיין בלוט! דיין בלוט!" האָב איך געהערט
אַ קול פערדומפּפטען שווער;

און געזוואוסט האָב איך דאָס מאָרגען פריה
וועט היינגען פון אונז ווער.

ענטשלאָסען... איז אַ יעדער
אריין צו זיך אין צעל;
בשעת הער הענקער רויט געקליידט,
דאָס פנים פאַרמעט־געל,
איז מיט זיין קליינעם פּאַק געצייג
פאַרביי געלאָפען שנעל.

*

געוועזען זענען יענע נאַכט
די קאָרידאָרען פול,
מיט נאַכט געשפּענסטער אַלערליי
און געשטאַלטען אָהן אַ צאָהל,
מיט אויגען בייז און שוידערליך
און בליקען בלאַנק ווי שטאָהל.

און ער איז געלעגען שלאָפענדיג
אין יענער שוידער־נאַכט;
„ווי שלאָפט מען עס אַזוי געשמאַק?" —
האָט דער וועכטער זיך געטראַכט —
„ווי שלאָפט אַזוי אַ מענש געשמאַק
פון הענקער'ס האַנד בעוואַכט?"

נאָר שלאָפלאָז איז דאָס עלענד הארץ
פון וועה און טרעהרען שווער:
דאָס שטומע הארץ וואָס האָט קיין מאָל
נאָך ניט געלאָזט קיין טרעהר,

וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געוויינט
און קען ניט וויינען מעהר.

*

דאָך יענע נאַכט האָט קיינעמ'ס הארץ
קיין רעגע ניט גערוהט;
געלעגען איז אַ יעדערער
אויף זשאַר, אויף סאַמע גלוטה;
געלעגען — און פון יעדען אויג
געטריפט האָט הייסעס בלוט.

צו יעדען שליסעל־לאָך קריכט צו
אַ וועכטער יעדעס מאָל,
און קוקט און זעהט מיט שרעק און גרויל,
גרוי' שאָטענס אויף דעם פאָל...
„ווי קניה'ן עס מענשען וואָס האָבען נאָך
פאַר גאָט געקניהט קיינמאָל?"

געקניהט די גאַנצע לאַנגע נאַכט,
געיאָמערט און געקלאָגט!
ביז ענדליך פון דער ווייטען האָט
אונז פרעהליך אָנגעזאָגט
דער פרייער האָהן, דער העלדישער:
„שטעהט אויף, שטעהט אויף, עס טאָגט!"

דער שווארצער האָהן, דער רויטער האָהן,
שוין לאַנג האָבען געקרעהט,
דאָך איז ווייט דער טאָג און ס'ליגט די נאַכט
די שווארצע אויסגעשפרייט:
און מיט נאַכט־געשפענסטער איז נאָך אַלץ
דער קאָרידאָר פערזעהט.

און פיעבעריש שפרינגען זיי ארום,
אין פינסטערניש געהילט;
ווי שדים וואלטען זיי מיט אונז
אין „בלינדע־קוה“ געשפיעלט;
און מיר — מיר קוקען צו, און טיעף
דאס בלוט אין הארצען קיהלט.

מיט טומפע טריט אין א ווירבעל־ראד
געשלאסען האנד אין האנד:
ארום מיט ווילדען אימפעט יאגט
פאר אונז דער סאראבאנד *);
אין דרויסען קרעכצט דער מארגען־ווינד
און רייסט די קערקער־וואנד.

און לאנג האט זיך דער טאנץ געיאגט,
ניט ווערענדיג גאר מיעד;
און פלוצלונג האט א גרילץ געטהון
א שוידערליכעס ליעד:
א פלייט פון גרויל, אין יעדער מויל,
בעגלייט האט זיי די טריט.

און דאס איז וואס זיי האבען אונז
געזונגען נאכאנאנד
„אין לעבענס־ווירפעל־שפיעל איז נאך
געווינען ווער אומשטאנד!
נור אהן געווינס איז די שפיעל פון זינד
אין געהיימען הויז פון שאנד...“

---

*) אזא סארט טאנץ ביי די שפאניער.

אוי, ניט קיין לופט־געשטאַלטען, ניין,
זענען זיי פאַר אונז געווען:
פאַר אונז, וואָס ווערען אפשר שוין
די וועלט קיין מאָל ניט זעהן,
זענען זיי געווען נור בלוט און פלייש,
ווי מיר, ווי מיר אליין...

פערבראַכט זיך האָבען זיי מיט אונז,
נאָך יענעם מאָרגען שפּעט;
געטאַנצט, געזונגען און געטאַנצט
דאָס שרעקליכע באַלעט:
צום לעצטען נאָך, געהאָלפען אונז
אין מאָרגענס גאַטנעבעט.

*

דער מאָרגען־ווינד קרעכצט שוויעריג,
דאָך הײנגט די נאַכט און שוועבט
דורכ'ן שוואַרצען וועבשטול פינסטערניש
און ציהט נאָך פויל און שלעפּט
פון קנויל די לעצטע פעדעמער,
און שטריקט און פלעכט און וועבט.

דער מאָרגען־ווינד קריכט קרעכצענדיג
אַרום דאָס טרעהרען העלל:
אַרום די שטומע קערקער־וועגד,
פאַרביי מיין ווייסטע צעלל,
אָט ווי ער וואָלט ווי איך געווען
אַ ווינד־געשמידטע זעעל'.

נור ענדליך דורך די גראַטעס ווייזט
די זונן איהר שטראַהלען־רוט,

נאָך קענטיג פריש געוואַשען פון
גיהנום׳ס זינדער בלוט,
און געוואוספּט האָב איך אַז ערגעץ פּלאַטסט
גאָט׳ס בייזער מאָרגען־גלוטה...

ביז זעקס איז אַלץ פערקערט, פערוויסט,
און שאָ, אַלץ איז געשטילט,
נור פון אַ שטאַרקען פליגעל־שוואונג
די לופט הענגט ווי פערקיהלט,
העך חער גאָט פון טויד האָט איבער אונז
זיין באַנער אויפגעהילט.

ניט אין קיין מאַנטעל שאַרלעך רויט,
מיט העלען פאַקעל־ליכט,
האָט אונז דער גאָט פון טויד געצייגט
זיין שאַנד־געפאַרבט געזיכט;
דריי אייזען שטריק, אַ ברעט און שוין
ערפולט האָט ער זיין פפליכט.

*

געקוקט מיט שוידער האָבען מיר,
ווי דורך אַ נאַכט־גאַרדין,
מיט שטומע הערצער און געוואַרט
אויפ׳ן בייזען יום־הדין;
און גרויל און שרעק, און שרעק און גרויל
פער׳פס׳ט האָט יעדענס זינן...

און אָט, דער שוואַרצער משפט געהט,
מיט פעסט־געשטעלטע טריט:

ער טויט דעם שוואכען, ווי דעם גבר,
מיט פויסטען שטאָהל־געשמידט:
מיט אייזען־פוס צוטראמפּעלט ער
דעם ווילדסטען פאראזיט!

*

געוואָרט האָט מען אויף זייגער אכט,
יעדענס צונג פון דורשט פערדאָרט,
דען דער קלאנג פון אכט איז דער קלאנג פון נאכט;
מיר האָבען שוין געוואָרט:
פון אנגסט און שרעק איז יעדערער
געוועזען קאַלט פערשטאָרט.

פערשפּאַרט האָט יעדערער געוואָרט
ביי זיך אין בייזער העל',
אויף יענעם קלאנג וואָס קומט בעפריי'ן
א שאנד געשטיקטע זעעל:
נור וועה, די צייט, די גרויזאמע,
זי וויל ניט שווינדען שנעל...

*

מיט איין מאָל האָט א בראָזג געטאָן
דעם קערקער־זייגער'ס „דזשום"
און פון יעדער צעל האָט זיך דערהערט
א שוידערליכער ברום,
וואָס אויפגעטרייסעלט האָט די לופט,
די פראָסטיגע ארום.

ווי איינער, וועלכער זעהט אין טרוים
דאָס שרעקליכסטע, אזוי

האָב איך געקוקט אויפ'ן ברוינעם שטריק
אויפ'ן גאַלגען דונקעל־גרוי,
ווען פלוצלונג האָט מיך אויפגעוועקט
אַ שמערצליך גרילצעריי...

און אָט דעם שמערצליכען געשריי,
דעם שוידערליכען קול,
האָט קיינער ניט געקענט ווי,
מיין הארץ פול בלוט און גאַל:
דען וועד עס לעבט פיעל לעבענס, דער
מוז שטארבען פיעלע מאָל.



IV.

ניטאָ קיין גאָטעס־דיענסט דעם טאָג
וואָס אַ מענש ווערט הינגעריכט:
צו קראַנק איז דאָן דער פריסטער, אום
צו טהון זיין הייליג פפליכט,
דען עפּעס גרויזאַמעס רוהט דעם טאָג
אויף זיין פערגעלבט געזיכט.

ביז שפּעט איז יעדערער פערשפּארט
געלעגען אין זיין צעל,
ביז ענדליך ווי דורך צויבער־הענד
האָט זיך געעפענט שנעל,
אַ יעדענס טיהר און יעדער האָט
פערלאָזט זיין וויסטע העל'.

אַרוּים אין גאָט׳ס געבענשטער וועלט,
פוּן פינסטערען אַסטראָג,
איין פּנים וויים ווי קרייד פאַר שרעק,
דעם צווייטענס גרוי פוּן קלאָג,
מיט טיעפע בליקען אָנגעשטעלט
אַנטקעגען העלען טאָג.

אַזעלכע אויגען האָב איך זיך
קיין מאָל ניט פאַרגעשטעלט,
מיט אַזוי פיעל טיעפער ערנסטקייט
געריכטעט אויף דער וועלט,
אויף יעדען זילבער־וואָלקענדעל
אין פרייען הימעל׳ס צעלט...

דאָך פיעלע האָב איך דאָן געזעהן
מיט אויגען פייכט און רויט:
דען ער האָט נור געטויד די זאַך,
וואָס ער האָט געליעבט, געטרויט,
און זיי האָבען, אָה, עלענדע,
די טויטע זעלבסט געטויד.

דען יעדער זינדער וואָס בעגעהט
אַ זינד צום צווייטען מאָל,
וועקט אויף אַ טויטע זעעל׳ און מאַכט
איהר בלוטען נאָך אַ מאָל,
ער עפענט גאַר פוּן ס׳ניי דאָס הארץ
פוּן וואונדען אָהן אַ צאָהל...

אין קליידער אומגעלומפּערט ווילד,
ווי צו איין מאַסקאַראַד,

אין שמוץ און שטויב בעוועגט זיך שווער
דעם טייפעל'ס נאכט־בריגאַד
פון רעכטס צו לינק, פון לינק צו רעכטס
מאַרשירט דער שאַנד־פּאַראַד...

די וועכטער שפּאַנען אָפּ און אויף,
אָט ווי מען געהט אַרום
אַ גרויסע סטאַדע ווילדע פיה,
און בליקען האַרט און שטום,
אַ קעלט אַ שוידערליכע וועהט
און בלאָזט פון אומעטום.

דאָס אָפּען' גרוב פון היינט פאַרטאָג,
האָב איך איצט נור דערקאַנט:
ביים קליינעם בעהגעל פייכטע ערד
האַרט פאַזע קערקער־וואַנד,
וואָס דעקט איצט צו אַ שוואַרצע זעעל'
מיט עלענד און מיט שאַנד.

אַ קליינעם בערגעל ערד און לעהם,
אין שאָטען פון דער וואַנד,
דער קערקער־מויער וואָס שטעהט און וואַרט
אויף גרעסערער שפּאָט און שאַנד,
דאָרט ליגט ער איצט די פיס געשמידט,
געהילט אין פייער־בראַנד!

און, אַך, דער בראַנד, ער פרעסט און פרעסט
מיט העליש־שאַרפע ציין,
ביי טאָג זיין שוואַרצעס האַרטעס פלייש,
ביי נאַכט זיין דאַרען ביין,

נאָר ס'האַרץ דאָס קייט ער טאָג און נאַכט,
אוּן קען עס ניט פערדרייה'ן.

דריי לאַנג יאָהר וועט מען ניט זעהן
קיין בלום, קיין גרעזעל דאָרט:
דריי לאַנגע יאָהר וועט נאַקעט שטעהן
דער גאָט־פערדאַמטער אָרט,
און בליקען צו דעם הימעל שטום
און אָהן אַ פאָרוואורף־וואָרט.

מען זאָגט אַ מערדער'ס האַרץ פערפלעקט
די זריעה און פערצעהרט.
ס'איז פאַלש! גאָט'ס ערד איז מילדער, ווי
דער מענש, דער אכזר קלעהרט,
די רויטע רויז בליהט רויטער דאָרט,
די ווייסע ווייסער ווערט.

פון מויל אַ רויטע, רויטע רויז!
פון האַרץ אַ ווייסע בלום!
און הערליך איז דאָס בליהען זייער'ס,
און זיס איז זייער פאַרפום,
אַ מענש נור זוכט וואו עהרע רוהט,
דאָך גאָט איז אומעטום.

*

נור ניט קיין רויז, סיי רויט סיי ווייס,
קען בליה'ן אין דיעזען אָרט;
דאָס שערבעל און דאָס קרעמען איז,
אַלסדיינג מען גיבט אונז דאָרט;

און קאַלט און שטאַר איז אַלץ אַרום,
ווי ס׳שטרענגע וועכטער־וואָרט.

ניט ווייזען וועט די רויטע רויז
קיין מאָל איהר בליטהען בראַנד,
אויף דיעזען שוואַרצען פלעק וואָס רוהט
ביים גרויען קערקער־וואַנד,
דאָך בליהען וועט דאָרט פלאַמענד רויט —
די אייביג רויטע שאַנד.

נור כאַטש די וויסטע קערקער־וואַנד
אַרום איהם שטעהט און היט,
און ס׳קען ביינאַכט קיין גייסט ניט געהן
אין קעטען ענג געשמידט,
וואו וועכטער שטרענגע שפּירען נאָך
זאָגאַר אַ שאָטען׳ס טריט.

ליגט ער אין רוה — דער עלענדער —
און ס׳היילט זיך וואונד נאָך וואונד:
ניטאָ קיין וואָך וואָס זאָל איהם דאָרט
פעריאָהרען יעדע שטונד,
דען די שוואַרצע ערד וואו ער שלומערט, האָט
קיין זון ניט און קיין מאָנד.

*

מען האָט איהם ווי אַ ווילדעס טהיער,
געהאַנגען מיט אַ פלוך
זאָגאַר קיין ווידוי ניט געזאָגט
מיט איהם, און באַלד דערנאָך

פערשלעפּט ווי א נבלה, און
פערשאַרט איהם אין אַ לאָך.

די קליידער האָבען זיי פון איהם
אַראָבגעפּליקט, און הויל
געלאָזט איהם פאַר דער ביסטרער פליעג,
זיין קערפּער שוואַרץ ווי קויל:
מיט עקעל אָבגעקעהרט זיך, פון
זיין בלוט פערשוימטען מויל.

דער דיאַק זאַגאַר האָט ניט געקניהט
ביים שאַנד בעדעקטען גראָב:
און אָהן תכריכים, אָהן אַ שטיין,
ליעגט פוילענדיג דער טרופּ,
און קאַלט און פינסטער קוקט אויף איהם
די קערקער־וואַנד אַראָפּ.

דאָך אַלץ איז אויס; געענדיגט שוין
זיין בייזען לעבענס־צוג:
איצט פרעמדע פולט מיט טרעהרען אָן
דעם אַלטען „מיטליידס־קרוג“,
וואָס אַרט אונז דען, מיר זענען דאָך
סיי ווי אין טיעפען קלאָג.



## V.

איך ווייס ניט צו ס׳ געזעץ איז גוט,
צו דאָס געזעץ איז שלעכט;
איך ווייס נור: שטאַרקער איז די וואַנד
ווי ס׳האַרץ וואָס זי צובריכט;
און אַז די טעג דאָ זענען יאָהרען לאַנג,
די שטונדען — ווינטער־נעכט...

נור איינס איז קלאָר, דאָס יעדער דין
וואָס מענש דעם לעבען שטעלט,
פון ערשטען ברודער־מאָרד ביז העט
צום סאַמע ענדע וועלט,
פערמעהרט נור בלויז די דערנער אין
דער מענשהייט׳ס בלומען־פעלד.

און נאָך איין זאַך — אָט הערט זיך איין
מיט שכל, מיט פערשטאַנד —
אַ יעדער קערקער וואָס ווערט געבויט,
ווערט געבויט מיט שטיין פון שאַנד,
געמישט מיט בלוט איז דער צעמענט
וואָס קלעבט אויף יעדער וואַנד.

מיט גראַטעס טרייבען זיי אַוועק
פון טאָג דאָס העלע ליכט:
דען נור דאָס פינסטערניש אליין
דאָס חשב׳נעס געדיכט,
פערטראָגען קען די מענשליכע
גערעכטיגקייט און פפליכט.

*

דאָס בייזע, פונקט ווי גיפטיג גראָז,
וואַקסט ראַש ביים קערקער־וואַנד:
ס'איז נור דאָס עדעלסטע אין מענש,
וואָס וועלקט דאָרט און וואָס וויאַנ'ט:
פערצווייפלונג איז דער גערטנער, און
דער צער די רעכטע האַנד.

זיי קנוטעווען די שוואַכע פרוי,
דעם זקן טויב און בלינד;
פון דורשט און הונגער געהט דאָ אוים
דאָס שוואַכע קראַנקע קינד,
דאָס פיצעלע וואָס איז נאָך ריין
פון מענשענס שוואַרצע זינד?

אַ יעדע צעל אַ נאַסע גרוב,
די וועגד פון שימעל גרין,
וואו קיין מאָל קומט קיין טראָפּען לופט,
קיין ביסעל שיין אַהין,
און אַלץ, חוץ אַש, ווערט דאָ צושטויבט
אין מענשהייטס דרעש־מאַשין.

דאָס גרינע וואַסער וואָס מען טרינקט
איז לויטער שלאַם און קויט,
מיט קרייד און קאַלך איז אָנגעפילט
דאָס צוגעוואויגען ברויט.
און שלאָף מיט אויגען רויט און ווילד
שפּרייזט אום און רופט דער טויד...

*

כאָטש דורשט און הונגער ווי די שלענג
זיך ראַנגלען טאָג און נאַכט,
געהט דיך קיין זאַך ניט אָן, דען דאָס
וואָס קאַלט און שטום דיך מאַכט
איז דער שטיין וואָס דו הויבסט אויף בייטאָג
און וואָס ווערט דיין האַרץ ביינאַכט.

מיט נאַכט בעשטענדיג אין דיין האַרץ,
מיט עלענד איז דיין צעל',
פליקט יעדערער זיין פלאַקסען שטריק,
בשעת די שוואַרצע זעעל'
אַליין זיך פליקט בעזונדער אין
איהר גוף — די בייזע העל'.

מען הערט קיין מאָל קיין מענשליך קול,
קיין וואָרט מיט מיטלייד צאַרט:
און דאָס אויג וואָס היט אונז דורך דער טיהר
איז פינסטער, שטרענג און האַרט:
און פערגעסענע פון גאָט און לייט,
רק פוילט מען און מען קוואַרט.

און אַט אַזוי רק זשאַווערט מען
פערשאַלטען און אַליין:
און איינער שילט, און איינער זיפצט,
און איינער קריצט די ציין:
נור גאָט'ס גענאָד איז מילד און גוט,
און ברעכט דאָס האַרץ פון שטיין.

*

און יעדעס מענשען־האַרץ וואָס ברעכט,
אין ענגען קערקער־צעל׳,
און יעדער טרעהר וואָס רייסט זיך לויז
פון דעם בעטריעבטענס זעעל׳,
צינדט אָן אַ שטראַהל אין וויסטען גרוב
און מאַכט אַ רגע העל.

אָה, גליקליך איז דאָס האַרץ וואָס ברעכט
און דורך דאָס טרעהר געווינט
די רוה, וואָס מיט גענאדע קומט
און וואַשט אַוועק די זינד,
און גאָט קען זעהן אין זינדער׳ס האַרץ
זיין אונבעפלעקטעס קינד!

*

און יענער מיט דעם בלויען האַלז,
וואָס ליעגט אין שאַנד און שפּאָט,
וואָס ליעגט און וואַרט ביז קומען וועט
פון הימעל גאָט׳ס גענאַד;
דען ׳ס האַרץ צובראַכען און פערלענדט
וועט ניט פערשטויסען גאָט.

דער מאַן אין רויט וואָס לעזט ׳ס געזעץ,
האָט געשאַנקען מיט אַ מאָל
דריי קורצע וואָכען לעבען איהם,
אום ער, דער זינדער, זאָל
ריין וואַשען ׳ס בלוט פון יענער האַנד
וואָס געהאַלטען האָט דאָס שטאָהל...

און מיט טרעהרען בלוטיגע האָט ער
זיך ריין געשוויינקט די האַנד:
דען בלוט אַליין נור וואַשט אָב בלוט,
און היילט די וואונד פון שאַנד,
און לעשט פון מערדער'ס שטערען אָב
דעם רויטען קין־בראַנד.



## VI.

אין רעדינג'ס תפיסה וואו אין הויף,
האַרט פאַזע קערקער־וואַנד,
געפינט זיך דאָרט אַנ'עלענד גרוב,
און אין איהם ליעגט טיעף אין שאַנד,
אַנ'עלענדער, צופרעסען פון
די שאַרפע ציין פון בראַנד.

און ביז גאָט די טויטע וועקט ניט אויף,
זאָל פריעדליך זיין זיין שלאָף:
בעקלאָגען זאָל דאָ קיינער ניט
זיין שוידערליכען סוף:
דען ער, געטויד האָט וואָס ער ליעבט,
און האָט פערדיענט די שטראָף.

דאָך יעדער טויד די זאַך ער ליעבט,
איהר אַלע, שטומט און הערט,
ווער מיט אַ שלעכטען קוק, און ווער
מיט שמייכלעריי פערציהרט,
דער פייגלינג טהוט עס מיט אַ קוש,
דער בראַווער מיט אַ שווערד...



# קאטאלאָג

## פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטעק

### פיליפ קראַנץ׳ס ווערקע:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | קולטער געשיכטע, 3 בענד; יעדער באַנד געבונדען | $ .75 |
| 2) | געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן " | .75 |
| 3) | יציאת מצרים, מיט אַ קאַרטע פון מצרים | .15 |
| 4) | וואָס הייסט נאַציאָן — זיינען אידען אַ נאַציאָן? | .10 |
| 5) | אמעריקא פאַר קאָלומבוס, געבונדען | .50 |
| 6) | אריסטאָטעל, ביאָגראַפיע | .10 |
| 7) | ברוך ספינאָזאַ, זיין לעבען און פילאָזאָפיע | .15 |
| 8) | שבתי צבי, ביאָגראַפיע | .15 |
| 9) | לעסינג און מענדעלסאָן | .25 |
| 10) | פאַמיליע ראָטהשילד | .15 |
| 11) | מאַהאָמעד | .15 |
| 12) | מייערבעער, זיין לעבען און מוזיקאַלישע טהעטיגקייט | .15 |
| 13) | דון יצחק אברבנאל און זיינע זיהן | .15 |
| 14) | יאָזעפוס פלאַוויוס, ביאָגראַפיע | .15 |
| 15) | בר כוכבא " | .15 |
| | גאָט, מענש און טייוועל, דראַמאַ פון י. גאָרדין | .25 |
| | דער אונבעקאַנטער " " | .20 |
| | אלישע בן אבויה " " | .15 |
| | וואָלטער, ביאָגראַפיע " | .10 |
| | מעכאַניקע, נאָך ניוטאָן, פון דר. קאַספע | .10 |
| | אַסטראָנאָמיע " " | .10 |
| | אָנפאַנג פון כעמיע " " | .15 |

| | |
|---|---|
| מענש און נאַטור, פון מ. באַראַנאָוו | .10 |
| פּאַטריאָטיזמוס און רעגיערונג, פון ל. טאָלסטאָי | .05 |
| דער איינציגער מיטעל " | .05 |
| מאַקסים גאָרקי, ערצעהלונגען | .15 |
| טאָלסטאָי, ביאָגראַפיע, פון ח. אַלעקסאַנדראָוו | .10 |
| רמב"ם, ביאָגראַפיע, פון ב. פייגענבוים | .10 |
| רב סעדיה גאון, ביאָגראַפיע, פון מ. ווייערניק | .10 |
| ר' ישראל בעל שם טוב, ביאָגראַפיע, פון מ. פרומקין | .10 |
| ווילנער גאון, ביאָגראַפיע, פון פּ. ווייערניק | .10 |
| יצחק בער לעווינזאָן, ביאָגראַפיע, פון ד. מ. הערמאַלין | .15 |
| געזאַמעלטע ליעדער, פון מאָררים ראָזענפעלד, געבונדען | 1.00 |
| געזאַמעלטע שריפטען " " | 1.00 |
| היינריך היינע, ביאָגראַפיע " " | .15 |
| ערצעהלונגען, פון דוד פינסקי, יעדער באַנד | .50 |
| אייזיק שעפּטעל, דראַמאַ, פון דוד פינסקי | .15 |
| פאַר'ן שטורם, דראַמאַ, פון לעאָפּאָלד קאַמפּף | .20 |
| יהואש, געזאַמעלטע ליעדער, געבונדען | 1.00 |
| ז. ליבין'ס געקליעבענע סקיצען | .50 |
| ד"ר. פּעסקין, סטרייקס און זייער נוצליכקייט | .05 |
| "קניאַז פּאָטיאָמקין" געשיכטע פון מאַטראָזען־אויפשטאַנד | .20 |

עס ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

אידישע פאָלקסליעדער, מיט נאָטען, געזאַמעלט פון י. ל. כהן.

י. ל. פּרץ'ס שריפטען, אין 6 בענד.

די גייסטער, פון הענריק איבסען.

היינריך היינע'ס ליעדער, איבערזעצט פון ד. פינסקי.

ליעסין'ס געזאַמעלטע ליעדער.

צו אַדרעסירען:

**A. M. EVALENKO**

**22 No. William Street**

**New York, U. S. A.**

די

# בוכהאנדלונג

פון

# רעזניק & קאפלאן

168 הענרי סטריט, ניו יארק

שטעהט אין פערבינדונג מיט אלע איירא־פעאישע בוכ־הענדלער. מיר בעקומען דעריבער אלע נייעס וואס ער־שיינט דארט צו דער ריכטיגער צייט פריהער פאר אלעמען און מיר זיינען אים שטאנד אלעס וואס מען ארדערט ביי אונז צו ערפילען פינקטליך.

## פובלישערס אין יונייטעד סטייטס מארקט עס!

אלע אויסגאבען וואס ערשיינען אדער וואס זיינען ערשיענען היער העברעאיש און זשארגאן שיקען מיר אין איירא־פא אין פערשיעדענע פלעצער. עס איז זעהר וויכטיג פיר די פובלישערס אין אמעריקא, וועלכע האבען ניט קיין דירעקטע פערבינדונג מיט די איירא־פעאישע בוכהענדלער, זאלען זיך ווענדען אין אונזער בוכהאנדלונג, און מיר וועלען זארגען פיר זייערע אויסגאבען.

ווער עס פערלאנגט צו קויפען אדער פערקויפען פערשיעדענע ביכער זאל זיך ווענדען צו אונזער בוכהאנדלונג. אדרעסע:

Reznick & Kaplan, 168 Henry St., New York

# פערגיפטעט ניט אייערע קראַנקע

מיט געפּאַרבטע און געפּעלשטע געטרענקע.

טרינקט און רעקאָמענדירט די אמת ריינע און אמת גוטע

# כרמל וויינען און כרמל קאניאקס

רעקאָמענדירט פון פּראָמינענטע דאָקטוירים און כעמיקער, און בעשאָנקען מיט גאָלדענע מעדאַלען אויף די פּאַריזער וועלט־אויסשטעלונג אין 1900 און אויף די אַלוועלטליכע געזונדהייטס־אויסשטעלונג אין וויען, אין 1906.

# כרמל וויין קאָמפּאני

איינציגע פערטרעטער אין אַמעריקא פון באַראָן ראָטהשילד'ס וויינקעלערען אין פּאַלעסטינא.

הויפּט־אָפיס: 13-15 לאַיט סט., ניו יאָרק.

ברענטשעס אין ניו יאָרק: 354 גרענד סטריט און 26 וועסט 116טע סט.; אין ברוקלין: 649 בראָדוויי; אין שיקאַגאָ: 821 ס. האָלסטעד סט.; אין באַלטימאָר: 821 א. באַלטימאָר סט.

היט זיך פאַר פעלשונגען!

---

דער הויפּט־פערקויף פון „א געזאַנג אין תפיסה" איז אין דער בוכהאַנדלונג

## רעזניק & קאַפּלאַן

[illegible] ...יו יאָרק.

13 Lips[illegible]

ISBN:0-657-12584-9